„פראלעטאריער אלער לענדער פעראייניגט אייך".

„FREIHEIT"

# פרייהייט

ציוניסטיש־סאציאליסטישער־ארבייטער־ארגאן.
ערשיינט יעדען פרייטאג

פרייז פר. איינצעלנע נומער: 4 הל.
אבאנאמענט:
גאנציעהרליך 2.— קראנען
האלב „ 1.— „

אדרעסע פיר די רעדאקציאן:
Krakau Dietelsgasse 42.

אדמיניסטראציאן:
Krakau Gertruda 11.

קראקוי. ערשטער יאהרגאנג. נומער 1 25 August 1905.

## אונזער פראגראם.

די יודישע מאסע וואכט אויף! עלענד און נויט האט זיי ארויסגעשטויסען אויף די ביהנע פון דער מאדערנער היסטאריע. דארט טרעט זי אויף אלס זעלבסטשטענדיגע קראפט, און ווערט אויף דעם אופן צו איינע פון די קרעפטע, וואס בעטעטיגען זיך, א נייע בעסערע וועלט צו בעשאפען.

אנפאנגס איז געווען א טהייל פון דער יודישער מאסע אין דער מיינונג, דאס זיין אומגליק איז א שפעציפיצישע יודישעס, אז די יודישע פאלקסענטוויקלונג טהוט ליידען אויס נאציאנאלע אורזאכען. איבער דעם איז ענטשטאנען אין ברייטע פאלקסמאסען די מיינונג, פון א אויסנאהמסצושטאנד פון דער יודישער נאציאן, ד. ה., א צושטאנד, וואס טהוט נישט פאסען אין דער מאשינעריע פון דער וועלטגעשיכטע, און וועלכען מען קען נור א סוף מאכען דורך א בעזונדערע אנשטרענגונג. די יודען ליידען דאדורך, וויל זיי זענען א נאציאנאלע מינדערהייט: דאס מאכט אונמעגליך, זייער גאנצען עקאנאמישען, קולטורעלען און פאליטישען לעבען. דעם נאציאנאלען אויסנאהמסצושטאנד, מוז ענטגעגענגעזעצט ווערען א גרויסע נאציאנאלע קאלאניזאציאן. דאס אויפוועקען פון די אבשטארבענדיגע פאלקס־כחות דורך גרויסע נאציאנאל־אויטאנאמע קאלאניזאציאן, דאס איז די טריעבקראפט פון די מאסען צום ציוניזמוס, ד. ה., צו דער לעזונג דער יודענפראגע דורך **ארבייט**.

א אנדערער טהייל פון דער יודישער מאסע, זוכט זייער נויט און עלענד אין דיזעלבע אורזאכען, פון וועלכער די גאנצע אונטערדריקטע מענשהייט, טהוט ליידען.— ס'איז ענטשטאנען די אנזיכט, אז די יודישע נויט איז א אויספלוס פון דער קאפיטאליסטישען אויסבייטונג. און וויל די יודישע מאסען, ליידען מעהר אלס די ניט־יודישען, מוזען זיי נאך מעהר, נאך שטארקער און ענערגישער געגען די אויסבייטונג קעמפפען. דער מוטה פון דער פערצווייפלונג, וואס טהוט בעלעבען דאס הינגערספאלק, דער מוטה איז די טריעבקראפט פון די יודישע מאסען צום בונדיזמוס*), ד. ה., צו דער לעזונג פון דער יודענפראגע דורך **קאמפף**.

אזוי איז געווען די סיטואציע פון דער יודישער מאסע.

אלע האבען איין געפיהל און דאס איז: „אזוי קען עס נישט לענגער בלייבען". אויף איין זייט רופט מען „לאמיר קעמפפען האנד און האנד מיט דעם עלענד פון דער גאנצער מענשהייט, ענטגעגען דער קאפיטאליסטישער אויסבייטונג". אויף דער אנדערער זייט ערהעבט זיך א קול: „לאמיר ארבייטען און רעטען מיר זיך פאר א זיכערן מאראלישען און פיזישען אונטערגאנג".

דער קאמפף פון די יודישע סאציאליסטען ענטגעגען די אויסבייטונג און די ציוניסטישע בענוצונג פון די יודישע פאלקס־כחות דורך קאלאניזאציאנסארבייט, ביידע וועגען האט מען מיט ענערגיע און שמחה אנגעהויבען צו בעטרעטען. און אויף ביידע וועגען האט מען באלד געמוזט נע'ואהר ווערען א ביטערען טעות.

דער „קאמפף געגען די אויסבייטונג דורך דעם אלוועלטליכען מורא'דיגען קאפיטאליזם" איז געווארען א געשלעג מיט קליינינקע בעלי־הבתים און גבירים. דער קאמפף־כח פונ'ם יודישען פראלעטאריאט איז אויף דעם אופן אומזיסט אויסגעברענגט געווארען, נישט אויפטהוענדיג דאמיט א סך געגען דעם אלוועלטליכען קאפיטאליסטישען שונא.

די „פריימאכונג פון די יודישע פאלקס־כחות דורך ארבייט", איז געווארען א פילאנטראפישע (נדבה'דיגע) קאלאניזאציאנשפיעלעכען, וועלכעס האט נישט געקענט אריינגעהמען און פערווענדען אפילו נישט דעם ווינציגסטען

*) אין גאליציען י. ס. ד. אין רוסלאנד „בונד".

**גענאסען! שטעהט צו צו די וויענער צענטראל־פערבענדע.**

טהייל, פון די עקאנאמישע, פאליטישע און קולטורעלע קרעפטע פונ׳ם פאלק.

בשעת ביידע פארטייען האבען מיט א מאל פאר זיך געזעהען א פערשפארטען וועג, האבען זיי זיך געחאפט פאר׳ן רבי׳נס כח. ביידע האבען געמיינט, כדי אויסצופיהרען זייערע עקאנאמישע טעטיגקייט, מוזען זיי האבען די נויטיגע יוריסטישע גאראנטיע. דער פאקט איז געווען דער דאזיגער. ביידע פארטייען, סיי „בונד" סיי ציוניסטען, זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז אונטער די עגזיסטירענדע פערהעלטניסע, קען נישט זיין, נישט קיין רעגולערער קלאסענקאמפף, נישט קיין אמתדיגע גרויסקאלאניזאציע.

ווען זיי זענען ביידע געוואהר געווארען זייער עקאנאמישען באנקראט, האבען זיי פליטה געמאכט צו משוח׳ס טעאריען. זיי האבען זיך געטראגען מיט דער קינדערישער מיינונג, דאס איין געזעץ, ד. ה., א בעשריבען שטיק פאפיער, קען איבערענדערן די פאקטישע פערהעלטניסע.

וואס אלץ מעהר די יודישע מאסע האט זיך געמוזט צו־ווענדען צו דער מאטעריאליסטישען וועלט־אנשויאונג, אלין מעהר האט זי געמוזט איינזעהען דעם אורטאפיזם פון דעם שטרעבען צו אויטאנאמיע און צו טשארטער*). די דאזיגע ביידע פוסטע פאפיערשטיקליך זענען עס געווען דער אנהויב פונ׳ם ברוגז פון דעם מאטעריאליסטיש דענקענדיגען און פיהלענדיגען טהייל פון דער יודישער מאסע צום ציוניזם און „יודישער סאציאליזם".

בשעת א אינסטינקטיווע אדער בעוואוסטע מאטעריאליסטישע מאסע האט נור איין אידעאל, דאס איז, רעגולערער קלאסענקאמפף, האט דאס דאזיגע אידעאל זיי געפיהרט, אוועק פונ׳ם ציוניזם און אוועק פונ׳ם „בונדיזם".

דער ציוניזם איז געווארען פאר די מאסע א טעריטאריאליזם, וואס ער האט זיין יסוד אין דער עמיגראציאן, און דורך דער עמיגראציאן און בלויז דורך איהר, מאכט ער געזונד די יודישע וואנדערונג, און העלפט אזוי דעם גאנצען פאלק.

די מאסע האט אנגעהויבען צו זעהען, דאס דער היינטיגער פאליטישער און עקאנאמישער קאמפף פונ׳ם „בונד", איז נאר א פארם, וועלכע ווערט דורך דער עקאנאמיש נויטווענדיגער עמיגראציאן צו א קאמפף פאר אמת׳ע עקאנאמישע און פאליטישע פרייהייט.

*) טשארטער איז א דאקומענט, מיט וועלכעם א מלוכה גיט אב א געזעלשאפט דאס רעכט אויף א לאנד.

דאס אידעאל פון דער יודישער מאסע איז געווארען א טעריטאריאלע אויטאנאמיע מיט דער העכסטער מדרגה פון קלאסענקאמפף, ד. ה., א נארמאלנע לעבען סיי עקאנאמיש סיי פאליטיש און סיי קולטורעל. דערגרייכען וועט די יודישע מאסע דאס ציעל דורך א נאטירליכע קאנצענטראציאן פון דער וואנדערונג.

מיר ציוניסטען־סאציאליסטען זענען נישט קיין טריימער (בעלי־הלומות), וואס ווילען אויפבויען א טעריטאריום. מיר ווילען דאס נישט פשוט דערפאר, ווייל מיר — קענען דאס נישט. גראדע אזוי ווי קיין שום סאציאלדעמאקראטישע פארטיי קען „מאכען" א צוקונפטסשטאאט, קענען מיר „מאכען" א טעריטאריום.

לויט אונזערע וויסענשאפטליכע איבערצייגונגען זענען די יודישע עמיגראציאן און איהרע פראדוקטיווע (געזונדע) קאנצענטרירונג היסטארישע נויטווענדיגקייטען. און אויב דאס איז אונזער איבערצייגונג, טהון מיר בעשאפען די בעדינגונגען פאר די דאזיגע ענטוויקלונג.

מיר וועלען דורך עקאנאמישען און פאליטישען קאמפף אין אלע די־עניגע ערטער וואו ס׳איז פערהאנדען יודען אלס מאסען, זיי ענטוויקלען פאר א שטארקען פאליטישען פאקטאר. מיר ווילען דורך אבלענקונג פון דער עמיגראציאן אוועק פון די קאפיטאליסטישע לענדער, שאפען די מעגליכקייט געזונד צו מאכען די יודישע וואנדערונג. א געזונד פאלק און א געזונדע וואנדערונג, דאס זענען די בעדינגונגען פאר דער ענטוויקלונג צום טעריטאריאליסטישען אידעאל.

מיר האפען, אז די יודישע מאסע מיט דעם פראלעטאריאט פאראויס, וועט זיך זאמלען ארום די רויטע פאהן פון דער ציוניסטיש־סאציאליסטישען ארבייטער־פארטיי און וועט נעהמען אנ׳אנטהייל אין איהר קאמפף, אין איהר ארבייט.

---

## געזיעגט.

„געזיעגט"! קלינגט עם פרעהליך פון די ליפען פון אלע ציוניסטישע קרעמער־נשמות. „געזיעגט"! רופט דער פערגנבערטער „ישיבה־בחור". „געזיעגט"! רופען אלע „אמת׳ע" יודען. א שמחה געהט דורך די כשר׳ע הערצער פון אונזערע בעלי־הבתים און משכילים. א ערנסטער געפאהר האט מען איבערשטאנען.

א פינסטערער גייסט איז געווען אין דער נאהנט, א גייסט, וואס אונזער מיטעלבורזשואזיע האט פיינד שנאת־מות.

---

**גענאסען! זאמעלט פאר די זעלבסטשוצארגאניזאציאן פון אונזערע רוסישע חברים.**

די יודישע ווירקליכקייט, דאָס יודישע לעבען. האָט מורא־דיג אנגעקלאפּט אין די פענסטער פון'ם ציוניזם. און ווי די ווירקליכקייט, דאָס לעבען האָט זיך אַזוי פּחדים'דיג דעם ציוניזם גענעהערט, האָט אַ ציטערניש אַנגעחאפּט גאַנץ „בית ישראל", נור וואָס איז דאָס אייגענטליך דער ציוניזם פאַר אַ בעוועגונג, אַז ער האָט אַזוי געציטערט פאַר דעם יודישען לעבען, פאַר דער אמת'ער ווירקליכקייט?

אויב אפילו די גרויסע מאַסע פון די ציוניסטישע שקל־צאָהלער, געהערט צו דער ברייטער פאָלקס־מאַסע, בעשטעהען די בעוואוסטע שיכטען פון'ם ציוניזם, נור פון דער יודישער קליינבורזשואַזיע, די דאָזיגע קליינבורזשואזיע איז אַ שיכטע, וואָס איז נאָך נישט פעראהמט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, נור וועלכע פיהלט פון דעסטוועגען, אַז די קאַפּיטאַליסטישע קאָנקורענץ פערשטעהט נישט קיין רחמנות. און וועט איי'ך זי באלד אלס קרבן פאַרדערען. דאָס דאָזיגע פאַרגעפיהל פון אַ באלדיגען אונטערגאַנג לאָזט אין דער דאָזיגער שיכט אויפקומען אַ קאָנסערוואַטיזם אין אַ פער'חלום'טען אוטאָפּיזם. זיי האַלטען זיך אָן פערצווייפעלט אין זייער פאַנטאַסטישע פּלאַנען. און דער גרונדגעדאַנק פון אלע זייערע פאַנטאַזיעס איז גאַנץ גלייך, צי איז דערזעלבער רעליגיעז צי נאַציאָנאַל, צי פּראָגרעסיוו אדער רעאַקציאָנער. תמיד פיהלט מען אַרוים דעם חשק אַוועקצולויפען פון דעם רויהען ווירקליכקייט פון'ם מאָדערנען לעבען. יעדע איינע בעוועגונג, וואָס זייער גייסטיגע טרעגער איז די קליינבורזשואַזיע האָט דאָס איינע געמיינזאַם, אַז זיי מיזען דאָס לעבען אין אלע זיינע ערשיינונגען בעקעמפּפען, דערפאַר טהון זיי אַבהיטען זייערע גופ'לאָזע חלומות. אַזוי ווי אַ טייערן בן־יחיד.

אלסדינג, וואָס מען קען זאָגען פון אלע אַנדערע קליינבורזשואַזע בעוועגונגען, קען מען אויך זאָגען פון'ם ציוניזם. זיין פּראָגראַם איז, אַ מלחמה מיט דער יודישער ווירקליכקייט און דערפאַר האַדעווען פון פּאַלעסטינא־חלומות.

שוין 2 מאָל האָט מען אונזערע פיינע סוחרים נעביך פון'ם שלאָף אויפגעוועקט.

איין מאָל איז עס געווען די מערב־אייראָפּעאישע גרויסבורזשואַזיע, וועלכע איז נור דערפאַר צוגעשטאַנען צום ציוניזם, כדי זי זאָל קענען אויספיהרען איהר קלאַסענאינטערעס. דאָס איז איהר חשק צו הערשען, און איבער דעם זענען זיי געווען פאַר אוגאנדרא אלס אַ „נאַכטאזיל", אום גיכער זייער ציעל צו דערגרייכען. נור אונזערע בעלי־הבתים צו מזל, איז עס זיי געלונגען אַרויסצושטופען פון'ם ציוניזם די מערב־אייראָפּעאישע „פעטע־קעשענעס". דאָס איז געווען זייער ערשטער זיג. — מזל־טוב!

צום צווייטען מאָל איז עס געווען דער המון פון מזרח־אייראָפּא, וואָס האָט אַנגעהויבען צו־צושטעהן צום ציוניזם, אַ דאַנק זיינע רעאלע אינטערעסען פון עמיגראַציאָן, ד. ה., פון טעריטאַריאַליזם. און ווידער האָבען אונזערע בעלי־הבתים געהאַט אַ געלעגענהייט שיער פאַר שמחה צו פּלאַצען. אויף דעם VII קאָנגרעס איז זיי געלונגען די אינטערעסען פון דער יודישער מאַסע צו בעזיעגען און צו מזל ולברכה דאָס אמת'ע יודישע לעבען פון'ם ציוניזם אַרויסצוּוואַרפען. דאָס איז געווען דער צווייטער זיג.

צום ערשטען מאָל האָט די „נאַציאָן" געקעמפּפט געגען דער גרויסבורזשואַזיע און איז געווען „דעמאָקראַטיש", דאָס צווייטע מאָל האָט די „נאַציאָן" געקעמפּפט געגען דער יודישער מאַסע און איז געווען „קאָנסערוואַטיוו" (!) נור וואָס שאַד'ס, אַז מען האָט יעדע שעה אַ אַנדער פּנים. די הויפּטזאַך איז, אַז זיי זענען די „שקצים" פּטור געוואָרען.

„מיר האָבען געזיעגט; דאָס לעבען פון'ם יודישען פאָלק האָט קיין שום רעכט נישט, זיך צו מישען אין די הייליגע געשעפטען פון אונזער בשר'ן ציוניזם. מיט דעם VII קאָנגרעס הייבט אָן אַ נייער אַבשניט אין דער יודישער געשיכטע", ד. ה., דער פעריאָד פון חלומות און שלאָף. — אַ גוטע נאַכט!

---

## די אויפגאַבען פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

ווען דער בעוואוסטער סאָציאַליסט טהוט צו טרעטען צו אַ מאַסע, כדי אונטער איהר פיר דעם סאָציאַליזם צו אַרבייטען, מעג ער דאָס נור דענסטמאָל טהון, ווען די מאַסע האָט אַזוינע שיכטען, וואָס קענען דורך זייערע שפּעציפיצשנע היסטאָריש־עקאָנאָמישע פונקציעס אַ אַנטהייל נעהמען אי אין דער ענטוויקלונג צום סאָציאַליזם, אי אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

ערשט דענסטמאָל מעג די דאָזיגע מאַסע האָבען אַ אייגענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, ווען זי מוז געהן אַ אייגענעם וועג צום סאָציאַליזם. זי מוז דאָס דענסטמאָל און נור דענסטמאָל, ווען זי בעזיצט אַ אייגען עקאָנאָמיש לעבען, מיט שפּעציפישע עקאָנאָמישע פונקציאָנען. דאָס אייגענע פּאָליטישע און קולטורעלע לעבען פון דער מאַסע איז נישט מעהר ווי אַ סימן פון אַ אייגענעם עקאָנאָמישען לעבען.

דאָס איז דער וויסענשאַפטליכער יסוד, וואָס אויסגעהענדיג פון דעם שטאַנדפּונקט קען מען גרינדען און קרייטיקירען אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. און עס איז נישט קיין חליק צי די קריטיק בעפאַסט זיך מיט אַ נייער נאַציאָנאַלער אדער אַ נייער ווירטשאַפטליכער פאָרם פון סאָציאַליזם (יודישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אדער אַגראַרנע סאָציאַליזם).

די פראַגע מוז אלע מאָל זיין: „צי האָט די מאַסע איהרע שפּעציפישע עקאָנאָמיש פונקציאָנען, אָדער נישט". האָט די וויסענשאַפטליכע אונטערזוכונג די עגזיסטענצבערעכטיגונג פון דער פּאַרטיי בעוויזען, אַזוי שטעהט זי פאַר דער אויפגאַבע, דאָס לעבען פון דער בעטרעפענדער מאַסע סיי דאָס עקאָנאָמישע, סיי דאָס פּאָליטישע און סיי דאָס גייסטיגע אינ'ם זין פון דעם סאָציאַליסטישען פאָרטשריט צו רעוואָלוציאָניזירען. וואָס הייסט דאָס?

דער סאָציאַליסט האָט אַ קלאָרע און גענויע פאָרשטעלונג איבער אַ פאָרטשריטליכע עקאָנאָמישע פונקציאָן פון אַ מאַסע אין דער צייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער

ארדנונג. דאס איז דער קלאסענקאמפף אין זיין אידעאלער פארם, דער קלאסענקאמפף, וואס איז בכח די אלע נאך נישט פראלעטארישע שיכטען אריינצוטרייבען אין די ארמע פון דער סאציאליסטישער געזעלשאפט.

דאס איז די אידעאלע פונקציאן פון דער מאסע אינ'ם קאפיטאליסטישען צייטאלטער. ווען א פארטיי וויל די עקאנאמישע פונקציאן פון א מאסע פראגרעסיוו רעוואלוציאניזירען, מוז זי דאס היינטיגע עקאנאמישע לעבען פון דער דאזיגער מאסע איבערפיהרען צו דער אידעאלער מדרגה, אינ'ם ראהמען פון דער היינטיגער געזעלשאפט, דאס הייסט, צו דער העכסטער פארם פון קלאסענקאמפף.

דער אידעאלער צושטאנד אינ'ם פאליטישען לעבען, וואס א סאציאליסט קען זיך פארשטעלען אין דער היינטיגער געזעלשאפט, איז די דיקטאטור פונ'ם פראלעטאריאט, ד. ה., צו ברענגען צו דעם צושטאנד, אין וועלכעם דאס פראלעטאריאט זאל זיין די אמת'דיג הערשענדע קלאס, אזוי ווי אין היינטיגען רוסלאנד. לויט געזעץ הערשט די קלאס פון פריצים און אים לעבען די בורזשואזיע. עהנליך שטעלט זיך פאר דעם סאציאליסט אונטער דער דיקטאטור פונ'ם פראלעטאריאט, דאס פערהעלטניס צווישען פראלעטאריאט און בורזשואזיע. דאס פראלעטאריאט איז די פאליטיש הערשענדע קלאס, ווייל די בירגערליכע פארטייען ווייזען ארויס זייער אינוועגדיג פאליטיש פוילקייט וואס איז א סימן פון זייער באלדיגער מפלה. קלאסענבעוואוסטזיין, פאליטישער קאמפף אהנע יעדען קאמפראמיס מיט ערגיץ א בורזשואזע פארטיי, דאס זענען די מיטעל דעם דאזיגען פאליטישען אידעאל־צושטאנד אינערהאלב פון דער קאפיטאליסטישער ארדנונג צו עררייכען.

די אויפגאבע פון א סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי איז עס דאס אייגענע פאליטישע לעבען פון דער בעטרעפענדער מאסע אין דער ריכטונג הין צו רעוואלוציאניזירען.

(פארטזעצונג קומט).

---

## ליטעראטור.

טעאטער. א דאנק דעם ריהרעוודיגען פעראיין „בילדונג“ איז זונטאג דעם 20־סטען אויגוסט אין קראקא צום ערשטען מאל אויפגעפיהרט געווארען טשיריקאווס „יודען“ אין יודישער איבערזעצונג. מיר ווילען אונז דא נישט אויסשמיסען איבער דעם ליטעראריישען זין פון דעם שטיק בכלל, נור הערפארהעבען זיין ווערט פיר די יודישע ביהנע בפרט.

די יודישע ביהנע מוזען מיר פעסט־שטעלען, ווירד דורך דער ארבייט פון דעם פעראיין „בילדונג“ גרויסע נוצען האבען און מן־הסתם אויך דאדורך די יודישע מאסע.

געשפיעלט האט מען זעהר גוט, ווען נישט קליינע רעזשיסער־פעהלער — פראכטפאל.

אויסגעצייכענט האבען זיך אינסבעזאנדערע: לייזער (געבירטיג), לאה (פערל. וואסערמאן), נחמן (פאזניינסקי), בערעזין (פראקאפ). אים איבריגען זענען אויך די אנדערע שפיעלער זייער אויפגאבע גערעכט געווארען.

---

## די לעצטע אויסגאבען פון דער ס. ס. א. פ. אין רוסלאנד.

1) צענטראל קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „די לעצטע פאגראמען“ 30.000 עקז.
2) לאדזער קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „וועגען די יוניגעשענישען אין לאדז“ 5000 עקז.
3) צענטראל קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „חבת־ציון אין פאלעסטינא אין דער ציונ. בעוועגונג“ 30.000 עקז.
4) צענטראל קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „בראנק פון דער ציוניסטישער־סאציאליסטישער בעוועגונג“.
5) ווארשויער קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „אויפרוף צו די ארבייטער און ארבייטערינען“ צום גענעראל־שטרייק אין 3 לשונות פויליש, רוסיש, יודיש.
6) פלאצקער קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „צו די יודישע בעלי־הבתים“ העקטאגראפ. אין 300 עקז.
7) זשיטאמירער קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „נאך דעם פאגראם“.
8) אדעסער קאמיט. פון די ס. ס. א. פ. „וואס טהוט זיך אין פארט“ וועגען דעם אויפשטאנד פון „פאטיעמקין“ אין רוסיש און יודיש.
9) רינאער גרופע פון די ס. ס. א. פ. „איינע פראקלאמאציע אין לעטישען לשון“ וועגען די רעוואלוציע.

חוץ דעם זענען ערשינען זעהר פיעל פראקלאמאציעס, וועלכע מען האט אונז נישט איינגעשיקט.

---

אין דער אדמיניסטראציאן פון דער „פרייהייט“ Gertruda 11 איז פאלגענדע ליטעראטור צו בעקומען.

„די יודישע פרייהייט“ נומער 2־1 א צייט־שריפט פאר'ן יודישען רעוואלוציאנערען געדאנק.

„וואהראזשדעניע“ 1, 2, 3, 4, (רוסיש).

אלע אויסגאבען פון פערלאג „מדינה“.

אלע אויסגאבען פון דעם צענטראל־קאמיטעט פון די ס. ס. א. פ. אין רוסלאנד.

---

**אלע געלדזענדונגען זענען צו ריכטען אן דער אדרעסע:**

**Abr. Schreiber, Kraków, Długa 15.**

Wydawca i odpow. redaktor: Schulim Freund, Kraków. — Drukiem Józefa Plessnera i Ski w Podgórzu.